

איך עפן אַ טיר. אַ שטוב אָן בעטן, אָן כּלים, אָנגעשיט מיט היי און שטרוי. אינמיטן שטוב שטייט אַן איבערגעדרייט פעסל. אַרום פעסל — פיר מורזאַקעס־קינדער מיט צעשויבערטע האָר, אַרום אַ גרויסער ליימענער שיסל מיט פּידסמעטענע, פון וועלכער זיי שעפּן מיט די רעכטע הענטלעך מיט בלעכענע פאַרגרינטע לעפל. אין די לינקע הענטלעך האַלטן זיי צו שטיקלעך קלייַענברויט.

אין איין ווינקל אויף דער ערד זיצט אַ בלאַס ווייַבל, און די טרערן קאַפּען איר פון די אויגן אויף דער קאַרטאָפליע, וואָס זי נעמט זיך צו שיילן.

אין צווייטן ווינקל ליגט „ער", אויסגעצויגן אויף דער ערד.

— בחינם אייַער טירחה, ר' קרוב! — מאַכט ער צו מיר און הייבט זיך נישט אויף — בחינם אייַער טירחה, איך בין שוין נישט קיין הונגער?

אַז ער זעט, אַז איך האָב דאָך קיין חשק נישט אַוועקצוגיין, הייבט ער זיך לאַנגזאַם אויף.

— נו, ווּ וועל איך אייַך זעצן? — פרעגט ער פאַרדריסלעך.

איך בין אים מבטיח, אַז איך קען שרייַבן שטייענדיק.

— איר וועט פון מיר גאָרנישט האָבן! איך וואַרט נאָר אויף אַ שיפסקאַרטע... איר זעט דאָך, איך האָב שוין אַלץ פון שטוב, אַפילו די כּלים צו זייַער מלאָכה, פאַרקויפט.

— איר זייַט אַ בעל־מלאָכה? — פרעג איך.

— אַ שנייַדער.

— און וואָס טייַט אייַך אַרויסצופאָרן?

— דער הונגער.

און דער הונגער איז געלעגן אויף זייַן פּנים, אויף איר פּנים, און נאָך מער אויף די קינדערס ברענענדיקע אייגעלעך איבער דער פּידסמעטענע.

— קיין אַרבעט איז נישטאָ?

ער מאַכט מיט די פּלייצעס. עס הייסט: אָן דעם האָט מען שוין לאַנג פאַרגעסן.

— וווּהין פאָרט איר?

— קיין לאָנדאָן. איך בין שוין איינמאָל אין לאָנדאָן געווען, שיין געלט פאַרדינט. מייַן ווייַב געשיקט און אַליין ווי אַ מענטש געלעבט. האָט מיר דער שוואַרציאָר אַהיים געשלעפּט.

— פאַרוואָס האָט איר אייַער פאַמיליע אַהין נישט מיטגענומען?

— עס האָט מיך אַליין צוריקגעשלעפּט! פינצטער — חושך איז דאָרט. אַזוי ווי איך האָב צוגעמאַכט אַן אויג, האָט זיך מיר געחלומט דאָס שטעטל, דער טייַך אַרום, דער וואַלד... עס איז מיר דאָרט ענג געווען. עס האָט געצויגן און געצויגן...

— דאָ איז טאַקע — זאָג איך — אַ הערלעכע געגנט.

— לופט בחצי חינם!.. און מיר שלינגען שוין, ב"ה, לופט דרייַ יאָר! הייַנט פאָר איך שוין מיט מייַן ווייַב און קינדר! אָן עק זאָל עס האָבן!

י. ל. פּרץ.



– איר זעט דאָך! – ענטפֿערט מיר אַ יידינע און קעמט ווײַטער אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר צען, וואָס האָט דערווײַל אָפּגעכאַפּט דאָס קעפּל פֿון אונטערן קעמל און באַקוקט מיט גרויסע פֿאַרחידושטע אויגן דעם גוי, וואָס רעדט יידיש.

– לייגסט צוריק דעם קאָפּ! – שרײַט די מוטער.

– ווי הייסט אײַער מאַן? – פֿרעג איך.

– משה.

– אויפֿן דײַטשישן נאָמען?

– זײַן נאָמען זאָל אַהיים קומען! – שילט זי פֿלוצים – פֿיר שעה איז ער געגאַנגען אָפּנעמען בײַ דער שכנה אַ טעפּל.

– הער אויף דו פּיסקעווען – מאַכט דער שמש – זאָג, וואָס מע פֿרעגט דיך. פֿאַרן שמש האָט זי מורא. ער איז שמש און סאָלטיס צוזאַמען. ער נעמט צוגייף די פּאָדאַטקעס און איז אַ חוץ דעם חשוב בײַם וואָיט.

– ווער פּיסקעוועט? ווען? וואָס? אויף מײַן מאַן טאָר איך אויך קיין וואָרט נישט ריידן?

– ווי הייסט ער אויפֿן דײַטשישן נאָמען? – פֿרעג איך נאָכאַמאָל.

דער שמש אַליין האָט זיך דערמאָנט און זאָגט מיר „יונגפֿרייד".

– וויפֿיל קינדער האָט איר?

– איך בעט אײַך זייער, ר' קרוב, קומט שפּעטער, ווען מײַן מאַן וועט זײַן. דאָס איז זײַן זאַך! גענוג איך האָב אויף מײַן קאָפּ דאָס געוועלב מיט דער שטוב מיט 6 קינדער לאָבוזעס... טשעפּעט איר זיך כאָטש אָפּ פֿון מיר!

איך פֿאַרשרײַב דערווײַל זעקס קינדער און פֿרעג, וויפֿיל זי האָט פֿון זיי אויסגעגעבן.

– אויסגעגעבן! הלוואַי וואָלט איך אויסגעגעבן, וואָלטן מיר ווייניקער גראָע האָר געוואַקסן! ס'וואַקסט ביזן גראָען צאָפּ אַרײַן.

– איר האָט סאַמע מיידלעך?

– דרײַ יונגען אויך.

– וואָס טוען זיי?

– וואָס זאָלן זיי טאָן? צרות טוען זיי מיר אָן! זיי האָבן אָפּענע מײַלער.

– פֿאַרוואָס לערנט איר זיי נישט קיין מלאָכה?

זי פֿאַרציט די נאָז, וואַרפֿט אַ בייזן בליק און וויל מער נישט ענטפֿערן.

איך פֿאַל אויף אַן המצאה, קויף בײַ איר אַ פּעקל פּאַפּיראָסן.

זי ווערט אַ ביסל בעסער אויפֿן פּנים, און איך פֿרעג:

– וויפֿיל פֿאַרדינט אײַער מאַן?

– ער? ער פֿאַרדינט? מע קען זיך דען מיט אים באַהעלפֿן? נאָך אַ טעפּל צו אַ שכנה שיקן? אָסור! ער זוימט זיך שוין פֿיר שעה! איך וועל דען עסן הײַנט וואָרעמעס דורך אים?

זי איז ווײַטער אַרײַן אין אַזאַרט. איך האָב געמוזט אָפּטרעטן און כאַפּן דעם באַן אין גאַס. איך האָב אים דערקענט. ער האָט געטראָגן אַ טעפּל!

---

— און אַזוי, וואָס איז אײַער געשעפט?
— ווער האָט אַ געשעפט?
— פון וואָס לעבט איר?
— דאָס מיינט איר?! מע לעבט!
— פון וואַנען?
— איך ווייס פון וואַנען? קיין געלט האָב איך ניט, נישט איך, נישט אַלע אידן, וואָס שטייען דאָ. קיין מלאָכה קען איך נישט. מײַן זיידע האָט קיין שטיוול נישט גענייט... פונדעסטוועגן, אַז השם יתבּרך וויל, לעב איך.
— הכּלל, וואָס זײַט איר?
— אַ ייד.
— וואָס טוט איר גאַנצע טעג?
— איך לערן, איך דאַוון... וואָס טוט אַ ייד? אַז איך עס אָפּ, גיי איך אין מאַרק אַרײַן...
— וואָס טוט איר אין מאַרק?
— וואָס איך טו? — וואָס עס לאָזט זיך. אָט נעכטן, למשל, האָב איך דורכ־טייענדיק געהערט, אַז יונה באָריק וויל קויפן פון אַ פּריצס וועגן דרײַ טריקעס. פאַרטאָג בין איך שוין בײַם צווייטן פּריץ, וואָס האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ער האָט צופיל טריקעס. האָב איך געמאַכט מיט יונה באָריק יחדיו און האָבן פאַרדינט צו אַנדערכהאַלבן קערבל־שטיק.
— זײַט איר, הייסט עס, אַ מעקלער?
— איך ווייס? אַמאָל פאַלט מיר אײַן, קויף איך גאָר אַ קערצל תּבואה.
— אַמאָל?
— וואָס הייסט אַמאָל? אַז איך האָב דאָס קערבל, קויף איך!
— און אַז נישט?
— שאַף איך מיר אַ קערבל.
— ווי אַזוי?
— ווי הייסט ווי אַזוי?

און עס דויערט אַ שטונדע, איידער איך ווער געוואָר, אַז לוי יצחק בערנפעלץ איז אַ שטיקל דין און זיצט אין בוררות, אַ שטיקל מעקלער, אַ חלק סוחר, אַ פּיצל שדכן. אַמאָל פאַלט אים אײַן, גייט ער גאָר אין שליחות. און פון די אַלע אויסגע־רעכנטע און פאַרגעסענע „מלאָכות" פאַרדינט ער, כאָטש בדוחק גדול, זײַן ברויט פאַר ווײַב און קינד!

---

מע פירט מיך אין אַ געוועלב אַרײַן. עטלעכע פעקלעך שוועבעלעך. עטלעכע פּודעלעך פאַפּיראָסן. נאָדלען, שפּילקעס, האָרנאָדלען, קנעפּלעך, געלער, גרינער זייף, עטלעכע שטיקלעך היימיש געמלאָכהטער, שמעקעדיקער זייף... אַ ביסל בשמים און נאָך קלייניקײַטן... אַ צושפּרונג־בײַם טיש ליגט אַן אַלטע סאָכע. דאָס איז שוין אַ בײַגעשעפט.
— ווער וווינט דאָ? — פרעג איך.

– אַ ווײַב?
– עס!
– וואָס הייסט „עס"?
– ער וויל זיך גטן – ענטפערט פאַר אים אַן אַנדערער.
– וויפיל קינדער?
ער מוז זיך מישב זײַן און ציילט אויף די פינגער:
– פון ערשטן ווײַב, מײַנע – איינס, צוויי דרײַ; אירע – איינס, צוויי; פון צווייטן ווײַב...
עס ווערט אים נימאס צו ציילן.
– נו, זאָל זײַן זעקס!
– „זאָל זײַן" טויג נישט, איך דאַרף וויסן אַקוראַט!
– זעט איר, אָט דער „אַקוראַט" איז נישט פראָסט! אַקוראַט! וואָס דאַרפט איר וויסן אַקוראַט? וואָס איז, אַ „טשינאָווניק" זײַט איר? מע צאָלט אײַך דערפאַר? עס וועט אײַך עמיץ נאָכפאָרן און קאָנטראָלירן, אַ-קו-ראַט!
– זאָג, בהמה, זאָג! – מונטערן די רעשט. האָסט אָנגעהויבן זאָג!
זיי ווילן וויסן, וואָס פאַר אַ פראַגן ס'וועלן אַלץ זײַן.
ער האָט נאָכאַמאָל אָנגעציילט אויף די פינגער און עס איז געוואָרן דרײַ מער.
– נײַן קינדער, זאָלן געזונט און שטאַרק זײַן.
– וויפיל זין און וויפיל טעכטער?
ער האָט נאָכאַמאָל געציילט: – פיר זין און פינף טעכטער.
– וויפיל זין און וויפיל טעכטער האָט איר אויסגעגעבן?
– דאָס דאַרפט איר אויך וויסן? זאָגט מיר פּאָרט, נאָך וואָס?
– זאָג שוין, זאָג! – רופט דער עולם אומגעדולדיקער.
– דרײַ טעכטער און צוויי זין – ענטפערט עמיץ פאַרן געפרעגטן.
– טאַקע? – מאַכט דער געפרעגטער – און סראָליק?
– ער האָט דאָך נאָך ניט חתונה געהאַט!
– ביסט אַ פערד! מע רופט אים דעם שבת אויף! וואָס מאַכט אויס אַנדער-האַלבן וואָכן?
איך פאַרשרײַב און פרעג ווײַטער: געדינט אין מיליטער האָט איר?
– אַ באַצאָלטער, 400 רובל! ווו נעם איך זיי היינט? – קרעכצט ער.
– דער עלטערער האָט אַ גולע אונטערן רעכטן אויג, דער צווייטער האָט אַ „לגאָטע", דער דריטער דינט.
– און דאָס ווײַב?
– מן-הסתם איז זי בײַ מיר! וואָס איז די שאלה?
– זי האָט דאָך געקענט זײַן בײַ איר פאָטער.
– אַ קבצן!..
– אַ הויז האָט איר?
– ווי דען?
– וויפיל איז עס ווערט?
– עס זאָל שטיין אין זאַמאָשטש, וואָלט עס ווערט געווען, הי איז עס נישט ווערט אַ דרײַער. טיליע וואָס איך האָב אַ דירה.

— וואָס איז?

— עס האָט פּשוט נישט ווער צו וויינען. ווער זאָל וויינען?

— ווי הייסט, ווער?

— טאַקע ווער? ביי אונדז האָט יעדערער כמעט זיין נחלה. ווער עס דינגט שוין אַ דירה, וויל נישט קיין באַזונדערע שטוב צו פאַרהייצן. ביי אונדז איז אַ מאָדע, אַז אַ קאָמאָרניק (לאָקאַטאָר) צאָלט עטלעכע רובל אַ יאָר פאַר איין עק שטוב באַהייצונג. ווער דאַרף אַזוינע גרויסע שטיבער?

— נאָך וואָס האָט מען געשטעלט אַזאַ הויז?

— באַ — אַמאָל! היינט דאַרף מען נישט...

— נעבעך!

— וואָס פאַר אַ נעבעך? זי האָט אַ שטעל מיט זאַלץ, פאַרדינט עטלעכע רובל אַ וואָך. פון דעם צאָלט זי אָפּ 28 רובל אַ יאָר פּאָדאַטעק פון הויז. פון דעם רעשט לעבט זי... וואָס דאַרף אַ יידינע? וואָס פעלט איר? תכריכים האָט זי שוין!..

---

אין אַ טונקעלער נאַכט, צווישן עלף און צוועלף, בין איך אָנגעקומען קיין לאַשטשעוו. ווייטער אַ מאַרק, אַרומגעצוימט מיט געבויטע און געמויערטע הייזלעך. אין מיטן מאַרק ליגן אָנגעוואָרפענע ווייסע שטיינער. איך פאָר צו נעענטער — די שטיינער רירן זיך, קריגן הערנער, עס ווערט פון זיי אַ מאַסע הערלעך-ווייסע ציגן. זיי דערשרעקן זיך ניט. איינע אָדער צוויי אינגאַנצן האָבן אויפגעהויבן די קעפּ, באַטראַכט אונדז שלעפעריק און ווייטער זיך גענומען צום קאַרגן גראָז אין גאַס און צום קראַצן איינס דאָס אַנדערע.

---

אינדערפרי, נאָך איידער דער שמש איז געקומען, זיינען שוין געווען ביי מיר עטלעכע יידן. זיי ווילן זען דעם פאַרשרייבער. מיין שם פאָרט פאַר מיר!

איך מאַך אַ פרווו און ווענד זיך צו איינעם:

— גוט מאָרגן, ר׳ קרוב!

— גוט-מאָרגן, שלום-עליכם!

ער דערלאַנגט מיר גאַנץ פויל די האַנט.

— ווי הייסט איר, ר׳ קרוב?

— לוי יצחק.

— און אויפן דייטשישן נאָמען?

— וואָס דאַרפט איר צו וויסן?

— וואָס, אַ סוד איז עס?

— אַ סוד צי ניט אַ סוד, נאָר איר מעגט מיר זאָגן, נאָך וואָס איר דאַרפט וויסן... דאָס איז דאָך אַוודאַי קיין סוד נישט!

— איר ווייסט דען נישט?

— נישט אַקוראַט...

— און ווי איז פאָרט אייער נאָמען?

— בערנפעלץ — ענטפערט ער אַביסל פאַרשעמט.

# איבער פוילישע שטעטלעך.

## (רייזע - בילדער).

מיין ערשטער אַריינפאָר איז געווען טישעוועץ. איך האָב מיך אָפּגעשטעלט ביי מיינעם אַ באַקאַנטן, ר׳ ברוך. ער האָט געשיקט נאָכן שמש און טעלעפאָנירט באַלעבאַטים.

וואַרטנדיק אויף זיי, בין איך געשטאַנען ביים פענצטער און באַטראַכט דעם מאַרק.

דער מאַרק איז אַ גרויסער פירעק. אַרום, אויף אַלע פיר זייטן, שטייען פאַרשוואַרצטע, איינגעבויגענע הייזער, טייל מיט שטרוי, מערסטנטייל מיט שינדלען געדעקט.

סאַמע איינציקע שטאָקן מיט ברייטע פאָדשעניעס אויף פוילע פאַרגעלטע באַלקנס. אַרויסגערוקט פון פאָדשעניע שטייען, נישט ווייט איינס פונם אַנדערן, מאַרק-ווייבער איבער מולטערס מיט בייגל, ברויט, אַרבעס, באָבעס און פאַרשיידן אויבס. צווישן די ווייבער איז אַ שטאַרק גערודער! איך האָב אויף זיי, זעט אויס, אַ שטאַרקן איינדרוק געמאַכט.

די ווייבער ווייסן שוין, אַז איך בין געקומען פאַרשרייבן. איינע גיט איבער דער צווייטער דעם סוד אַזוי שטיל, אַז איך הער אין שטוב.

מע זאָגט:

– דאָס איז ער טאַקע!

– פאַרט גוט, אַז אָרעמע שאָף האָבן פאַסטוכער, וואָס האָבן זיי אין זינען.

– זאָלן זיי בעסער – מיינט אַן אַנדערע – אַריינשיקן אַ פּאָר הונדערט רובל.

איך בין זיי מוחל דאָס שרייבן!

---

מיר גייען פון הויז צו הויז, פון נומער איינס אָן. דעם ערגסטן איינדרוק מאַכט אויף מיר אַ גרויס, הילצערן משוגה הויז. עס איז גרעסער, נאָר שוואַרצער און ברודיקער פאַר אַלע הייזער. די פאַציאַט האָט זיך שטאַרק אַריבערגעבויגן און קוקט אַרונטער אויף אַן אַלטער, אויסגעדאַרטער, איינגעבויגענער ציטערדיקער יידענע.

דער שמש ווייזט מיר אויף דער אַלטער: „דאָס איז די באַלעבאָסטע פון הויז". איך האָב מיך פאַרוווּנדערט.

– דאָס הויז–דערקלערט דער שמש – איז אייגנטלעך נישט איר. זי האָט נאָר אַ זעקסטל „דאָזיוואָציע". אַן אַלמנה איז זי, נאָר די יורשים, אירע קינדער, וווינען נישט הי – הייסט זי באַלעבאָס.

– וויפיל מאַכט דאָס הויז?

– גאָרנישט.

– ווערט איז עס?

– אַ פופצן הונדערט רובל.

– און מאַכט גאָרנישט?

– עס שטייט ליידיק... אין דעם הויז, פאַרשטייט איר, האָט געוווינט אַמאָל אַ דאָקטאָר. איז ער געשטאָרבן און שוין, שטייט ליידיק ס'הויז!

באַנצע פענצטערל איז לוסטיק און רויט. די גראָבע מירל שוימט אוודאי אַ גרויסן טאָפּ קאַרטאָפל, און זי איז אים שטענדיק מכבד מיט אַ קאַרטאָפל; אַ פאַרגעניגן אַ הייסע קאַרטאָפל! און ער רוקט זיך ווייטער. אַזוי דאַכט זיך אים, אויבוואָל ער זיצט אויף איין אָרט.

דער פראָסט האָט אַביסל געלאָזט, עס הייבן אָן פאַלן דיקע פלאַכעס שניי.

אים איז, אַפּנים, אויך וואַרעמער געוואָרן אין דער שניי-קאַפּאָטע. און עס דאַכט זיך אים, אַז ער איז ביים יידן אין שטוב. מירל זיידט די קאַרטאָפל. ער הערט, ווי דאָס וואַסער גיסט זיך: זיור, זיור, זיור... און אַזוי גיסט זיך פון זיין לאַסטיקער קאַפּאָטע אויך. יונה גייט אַרום און זינגט אונטער דער נאָז. זיין שטייגער איז צו זינגען נאָך מעריב, ווייל דעמאָלט איז ער הונגעריק, און מאַכט אַלע-מאָל: „נו, מירל!" נאָר מירל יאָגט זיך ניט: „וואָלנער טוט זיך בעסער!"

— צי שלאָף איך און עס חלומט זיך מיר? — ווערט ער ראַפּ... יילעך-דערשראָקן. עס דאַכט זיך אים, אַז עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין זיין עלטערער זון... חנה! חנה! אָ! ער דערקענט אים! וואָס טוט ער דאָ! נאָר חנה דערקענט אים ניט, און ער מאַכט זיך ניט ווייסנדיק... כאַ, כאַ, כאַ! ער דערציילט יונהן, אַז ער פאָרט צום טאַטן, ער האָט דעם טאַטן ניט פאַרגעסן! און יונה ממזר זאָגט אים ניט, אַז דער טאַטע זיצט אויפן באַנק-בעטל!.. מירל האָט צו טאָן; זי איז פאַרנומען ביי די קאַרטאָפל. זי וועט ניט מפסיק זיין. זי שמייכלט נאָר, זי רייבט די קאַרטאָפל מיטן גרויסן הילצערנעם לעפל און שמייכלט!

— אָ! חנה מוז זיין רייך, אַלץ איז אויף אים גאַנץ. און אַ קייט... אפשר טאַמבאַק? אוודאי גאָלד! חנה וועט ניט טראָגן קיין טאַמבאַקענע קייט, ח"ו... כאַ! כאַ! כאַ! — ער גיט אַ קוק אויפן פּיעקאַליק... כאַ! כאַ! כאַ!.. ער פּלאַצט שיר פאַר געלעכטער. יעקל, בערל, זכריה... אַלע דריי... כאַ! כאַ! כאַ! זיי האָבן זיך באַהאַלטן אויפן פּיעקאַליק, דאָס איז גנבים! כאַ! כאַ! כאַ! אַ שאָד שפּרינצע, אַ שאָד! זי זאָל כאָטש אויך האָבן דאָס נחת! דערווייל באַשטעלט חנה צוויי גענדז. „חנה! חנה! דערקענסט מיך ניט! איך בין עס!.." און אים דאַכט זיך, אַז ער צעקושט זיך מיט חנהן...

— הערסטו, חנה, אַ שאָד די מאַמען, זי זאָל דיך זען!.. יעקל, בערל, זכריה, אַראָפּ פון פּיעקאַליק! איך האָב אייך גלייך דערקענט! קומט אַראָפּ, איך האָב געוווּסט, אַז איר וועט קומען! והא ראיה, איך האָב אייך מיטגעברענגט קעז, אמתע שאָפּענעם קעז! זעט נאָר, קומט, קינדער, איר האָט דאָך ליב זעלנעריש ברויט. וואָס? אפשר ניט? אמת, אַ שאָד די מאַמע!

און עס דאַכט זיך אים, אַז אַלע פיר קינדער האָבן אים אַרומגערינגלט און האַלטן אים און קושן און דריקן זיך צו אים צו.

— נאָר וואָלנע, קינדערלעך! וואָלנע, דריקט מיך ניט צו שטאַרק! איך בין שוין ניט קיין יונגערמאַן, איך בין אַן אַכציקער!.. וואָלנע, איר דושעט מיך, וואָלנע, קינדערלעך... אַלטע ביינער... וואָלנע, איך האָב געלט אין קעשענע! מיר, ב"ה, געטרויט מען געלט!.. גענוג, קינדערלעך, גענוג!..

און עס איז געווען גענוג... ער איז געבליבן פאַרשטאַרט מיט דער האַנט אויף דער בוזעם-קעשענע. —

י. ל. פּרץ.

דערהײַל נעמט אַ פראָסט. די באָרד און די וואָנסעס זײַנען אײַז. אין גוף איז אַפילו נישקשה, דער קאָפּ איז גאָר וואַרעם, אויפן שטערן פילט ער טראָפּנס שווייס. נאָר די פיס ווערן וואָס אַמאָל קעלטער און שוואַכער.

שוין נישט ווײַט. ער האָט דאָך חשק זיך אָפּצורוען, און ער שעמט זיך פאַר זיך אַליין. דאָס ערשטע מאָל דאַרף ער זיך אָפּרוען בײַ אַ שליחות פון צוויי מײַל וועג. ער וויל זיך נישט מודה זײַן, אַז ער איז אַן אַכציקער און עס איז שוין צײַט דערויף.

ניין, ער מוז גיין... נאָר גיין... כּל־זמן מע גייט, גייט מען, עס טראָגט זיך; קוים גיט מען נאָך דעם יצר־הרע און מע רוט זיך אָפּ, ווערט מען שוין אַ לײַט!

— מע קען זיך גלאַט פאַרקילן! — שרעקט ער זיך אַליין איבער און וויל זיך אַליין אויסריידן דעם שמאַרקן חשק צום אָפּרוען.

— נישט ווײַט שוין צום דאָרף, דאָרט וועל איך אויך צײַט האָבן!

— דאָס — טראַכט ער — וועל איך יאָ טאָן: איך וועל נישט גיין גלײַך צום פּריץ... בײַם פּריץ מוז מען וואַרטן אַ שעה אין דרויסן... נאָר גלײַך צום ייִד.

— כאָטש גוט — טראַכט ער — וואָס איך האָב ניט מורא פאַר דעם פּריצס הונט; פונדעסטוועגן בײַנאַכט, אַז מע לאָזט אָפּ דעם בורן, איז פאָרט אַ סכּנה; איך האָב מיט אַפילו מײַן וועטשערע, און בורי האָט ליב קעז. פאָרט בעסער פריער אויסרוען די ביינער! איך וועל מיר פריער גיין אַרײַן צום ייִד, אָנוואַרעמען זיך, וואַשן זיך, עפּעס עסן...

און עס קומט אים וואַסער אין מויל אַרײַן; ער האָט פון אינדערפרי אָן נישט געגעסן; נאָר דאָס איז אַ קלייניקײַט, אים אַרט נישט, וואָס ער איז הונגעריק; ער האָט הנאה דערפון: אַז מע איז הונגעריק, איז אַ סימן, אַז מע לעבט! נאָר די פיס!..

ער האָט נאָך אינגאַנצן צוויי וויאָרסט. ער זעט שוין אַרויס דעם פּריצס גרויסע שאָפּע... נאָר די פיס זעען נישט, זיי ווילן זיך דאַווקע אָפּרוען!

— און ווידער פאַרקערט — טראַכט ער זיך — וואָס איז, אַז איך וועל מיך אַ ביסל אָפּרוען? אַ מינוט, אַ האַלבע מינוט! אפשר יאָ? לאָז מיך נאָר פּרוּוון! אַזוי לאַנג פאָלגן מיך די פיס, וועל איך זיי אויך אַמאָל פאָלגן!

און שמריה זעצט זיך אויף דער זײַט אויף אַ בערגל שניי. אַצינד הערט ער ערשט, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט אין אים ווי אַ האַמער און עס שטעכט, און דער קאָפּ שוויצט...

ער דערשרעקט זיך... צי ווערט ער נישט קראַנק? ער האָט בײַ זיך פרעמד געלט! ער קען בלײַבן, חס־ושלום, חלשות... און ער טרייסט זיך: געלויבט איז גאָט, וואָס קיינער גייט נישט! און אַפילו עמיץ זאָל גיין, וועט אים אויך נישט אײַנפאַלן, אַז איך האָב געלט בײַ מיר.. מישטיינס געזאָגט, ווען מע געטרויט געלט!.. נאָר אַ קאָפּ זיצן, דערנאָך וואַלײַ!

נאָר די ברעמען פאַלן אים צו ווי בלײַ.

— ניין, הייב דיך אויף, שמריה, ווסטאַוווײַ! — קאָמאַנדירט ער מיט זיך.

קאָמאַנדירן קען ער נאָך, אָבער אויספירן נישט. ער קען זיך נישט רירן. אים דאַכט זיך דאָך, אַז ער גייט, אַז ער גייט אַלע מאָל שטאַרקער! אָט זעט ער שוין אַלע הײַזלעך... דאָ ווינקט אַנטעק, דאָרט באַזילי; ער קען זיי אַלע, ער דינגט בײַ זיי פורן... צום ייִד איז נאָך ווײַט, נאָר גלײַכער צום ייִד... און אים דאַכט זיך, אַז ער גייט צום ייִדס הײַזל; נאָר עס רוקט זיך אָפּ אַלע מאָל ווײַטער, ווײַטער... מן־הסתם דאַרף אַזוי זײַן... עס ברענט דאָך אַ פריילעך פײַערל אויפן קוימען. דאָס

און אַז איך גיי און קום צוריק, טרעף איך כמעט דאָס אייגענע ברויט! זי רײַניט מיך אײַן, אַז זי קען נישט עסן קיין טרוקנס, זי דאַרף נאָר אַ גריץ!

ער בויגט אַראָפּ דעם קאָפּ, גלײַך עס וואָלט אים געדריקט אַ שווערע לאַסט, און די טרויעריקע געדאַנקען יאָגן:

— און וואָס פאַר אַ יללות זי האָט געמאַכט, אַז איך האָב געוואָלט מײַן שבתדיקע קאַפּאָטע, אָט די וואָס איך טראָג — פאַרזעצן! מעשים האָט זי געאַרבעט און געלאָפן פאַרזעצן אירע מעשענע בענטש־לײַכטער, און ביז אין טויט אַרײַן שוין געבענטשט אין קאַרטאָפל!.. פאַרן טויט האָט זי מיר מודה געווען, אַז זי האָט קיינמאָל ניט געוואָלט קיין גט, אַז זי האָט נאָר אַ בייז מויל געהאַט.

— די צונג, די צונג! — האָט זי געשריִען — רבונו של עולם, זײַ מיר מוחל די צונג! און איז טאַקע געשטאָרבן אין איין פּחד: מע זאָל איר אויף יענער וועלט נישט הענגען אויף דער צונג!

— גאָט — מאַכט זי צו מיר — וועט קיין רחמנות אויף מיר נישט האָבן; איך האָב צופיל געזינדיקט! נאָר אַז דו וועסט קומען, נישט באַלד, חס ושלום! איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אַז דו וועסט קומען, געדענק, כאַפּ מיך אַראָפּ פון תליה! זאָג דעם בית־דין־של־מעלה, אַז דו האָסט מיר מוחל געווען!

זי האָט באַלד פאַרלאָרן די געדאַנקען, אַלץ גערופן די קינדער! עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זיי זײַנען דאָ אין שטוב, אַז זי רעדט מיט זיי, און האָט זיי אויך געבעטן מחילה.

אַ נאַרישע יידינע, חער וואָלט איר נישט מוחל געווען.

ווי אַלט איז זי געווען איגגאַנצן? אפשר אַ יאָר פופציק! אַזוי פרי געשטאָרבן! אַ קלייניקייט, אַז אַ מענטש נעמט זיך אַליין צו דאָס לעבן; אַז וואָס מע טראָגט אַרויס פון שטוב צו פאַרזעצן, טראָגט מען אַרויס האַלב געזונט, שטיקער פלייש!..

טאָג אויף טאָג איז זי גרינער און געלער, קלענער און דאַרער געוואָרן.

זי האָט געזאָגט, אַז זי פילט, ווי דער מאַרך טריקנט איר אין די ביינער... זי האָט געוווּסט, אַז זי וועט שטאַרבן!..

ווי האָט זי ליב געהאַט די שטוב מיט אַלע זאַכן! וואָס מע האָט אַרויסגעגעבן: אַ בענקל, אַ בלעכ־ינע עסע, איך ווייס וואָס, האָט זי עס באַגאָסן מיט ביטערע טרערן! זי האָט זיך מיט יעדער זאַך געזעגנט ווי אַ מאַמע מיט אַ קינד!.. מישטיינס געזאָגט, אַרומגעכאַפּט און כמעט געקושט... „אָהאָ! - מאַכט זי — ווען איך וועל שטאַרבן, וועסטו שוין נישט זײַן אין שטוב!"

אַ מעשה, אַ אישה איז פאָרט אַ נאַר! אַ רגע איז זי אַ קאָזאַק אין ספּאָדניצע, און אַ ליאַדע וואָס — ערגער ווי אַ קינד! זעסטו שוין, בײַ שטאַרבן איז אוודאי אַ חילוק, צי מיט אַ בענקל, צי אָן אַ בענקל!..

— פע! — האַקט ער זיך אַליין איבער די געדאַנקען — וואָס קומט מיר אַלץ אין־קאָפּ אַרײַן, דורך די פּוסטע זאַכן גיי איך וואָלנע.

— נו, זעלנערישע פיס, טראָגט ווײַטער! — קאָמאַנדירט ער מיט זיך.

ער קוקט זיך אום — אַרום און אַרום שניי; אויבן — אַ גראָער הימל מיט שוואַרצע שמאַטעס געלאַטעס; — נאָר מײַן אונטערשטע קאַפּאָטע! — טראַכט ער — שײַנט מיט לאַסטיקענע לאַטעס! רבונו־של־עולם, דיר פעלט אויך קרעדיט אין געוועלב?

האָט זיך געלייגט שלאָפן אונטערן אויוון. צום שלימזל איז געווען אַ סאָאָנד; ער איז פאַרגאָרעט געוואָרן, און מע האָט אים אַהיים געטראָגן אַ טויטן...

„אַ קלייניקייט האָט דעמאָלט שפּרינצע איבערגעאַרבעט!”

ער האָט שפּעטער גאַנץ גוט געהערט, וואָס זי האָט איבערגעאַרבעט. מע זאָגט איר: עס איז גאָרנישט, אַ סוואָנד.

ניין! זי װיל נאָר אַ דאָקטאָר; זי האָט בדעה צו חלשן, צו וואַרפן זיך אין וואַסער אַריין און שרייט נאָר: מיין מאַן! מיין מאַן! מיין תכשיט!

ער נעמט צונויפן אַלע כּוחות, זעצט זיך אויף און פרעגט זי געלאַסן:

— שפּרינצע, ווילסט אַ גט?

— נעם אַיין... זי האָט דאָך נישט געענדיקט די קללה און אַרויסגעלאָזט אַ געוויין...

— שמריה, ווי מיינסטו, גאָט וועט מיך נישט שטראָפן פאַר מיינע קללות, פאַר מיין רשעות?..

קוים איז ער אָבער געזונט געוואָרן — צוריק די אייגענע שפּרינצע: אַ מויל אויף רעדער, אַ צונג אויף שרויפן, און אַיזן־שטאַרק, זי קראַצט זיך ווי אַ קאַץ, האַ, האַ! אַ שאָד שפּרינצע! זי האָט אַפילו קיין נחת פון די קינדער נישט דערלעבט.

עס מוז זיי גוט גיין אויף דער וועלט; אַלע באַלמעלאָכעס. די מלאָכה לאָזט נישט שטאַרבן פאַר הונגער! כּוח האָבן זיי, אין מיר אַריין געראָטן; איי וואָס, זיי שרייבן נישט, וואָס איז? אַליין קענען זיי נישט, און גיי בעט ערשט אַן אַנדערן, יענער זאָל שרייבן! און וואָס פאַר אַ טעם האָט אַזאַ בריוו? ווי איבערגעשווענקטע יויך! און גלאַט מיט דער צייט... יונגע קינדער פאַרגעסן... עס מוז זיי דאָך גאָר גוט זיין... גאָר שפּרינצע, נעבעך, ליגט אין דער ערד! אַ שאָד שפּרינצע!

אַזוי ווי די קאָנסומציע האָט אויפגעהערט, איז זי געוואָרן אויס מענטש! טאַקע, איידער איך האָב מיך געוויינט צו שליחות, צו זאָגן דעם פּריץ: „יאַשניע פּאַניע”, נישט „וואַשע וויסאָקאָ [בּלאַגאָראָדיע”, איידער מע האָט מיר געטרויט קאָנטראַקטן מיט געלט — האָט געפעלט דאָס שטיקל ברויט...

מילא איך, זעסטו, אַ מאַנספאַרשוין, אַ געוועזענער קאָנטאָניסט, עסט מען נישט אַ טאָג! איר אָבער איז עס געגאַנגען, אימשטיינס געזאָגט, אינם גאַנצן לעבן; אַ נאַרישע יידינע, זי פאַרלירט גלייך די כּוחות, זי האָט שוין אַפילו נישט געקאָנט שילטן, דער גאַנצער שייגעץ איז איר פון קאָפּ אַרויס, און נאָר געוויינט...

עס איז מיר נימאס ומאוס געוואָרן פאַרן לעבן... עפּעס האָט זי גאָר מורא געקראָגן פאַר מיר! זי האָט גאָר מורא געהאַט צו עסן, מיר זאָל נישט פעלן. אַז איך זע, אַז זי האָט מורא, בין איך ביי קוראַזש, איך שריי, איך שעלט! למשל: פאַרוואָס גייסטו נישט פרעסן?! איך פאַל אַמאָל אין אַ רציחה אַריין און וויל זי פּשוט שלאָגן, נאָר גיי שלאָג אַ וויינענדיקע יידינע, אַז זי ליגט פאַרלייגט די הענט און רירט זיך נישט! איך לויף צו מיט אַ קולאַק, שפּיי אין אים נאָך אָן, און זי ענטפערט מיר: „עס פריער דו אָפּ, איך וועל נאָכדעם עסן!”

איך האָב געמוזט פריער אָפּבייסן פון ברויט, און איר איבערלאָזן די רעשט...

אַמאָל נאַרט זי מיך אַרויס אין גאַס אַריין: איך וועל שוין עסן, גיי נאָר אין גאַס אַריין; גיי, אפשר וועסטו עפּעס פאַרדינען, און מכלומרשט שמייכלט זי דערביי, און גלעט מיך אַמאָל!

אַ פריש ברויט! עס איז געווען אַ מחיה צו שנײַדן. ער איז אָבער ניט געווען בקי הבריאה, עפּעס האָט אים אַ קעלט געיאָגט דורך די ביינער.

— נאָר געלויבט איז דער, וואָס ער איז נישט ווערט זײַן נאָמען צו געדענקען. עס טרעפט זיך אים זעלטן!

אַצינד האָט ער אויך אַפּעטיט. ער האָט אַפילו אין קעשענע ברויט מיט אַ שטיקל קעז... דאָס שטיקל קעז האָט אים דעם סוחרס ווײַב געגעבן, לעבן זאָל זי און געזונט זײַן! זי איז טאַקע אַ בעל-צדקה, זי האָט אַ יידיש האַרץ.

— זי זאָל נאָר נישט אַזוי קללהן — טראַכט ער — וואָלט זי געווען גאָר אַ ווילע יידענע!.. — ער דערמאָנט זיך אָן זײַן געשטאָרבן ווײַב.

— גאָר מײַן שפּרינצע ניעפּריטשקעס! זי האָט אויך געהאַט אַ גוט האַרץ, און אַזאַ סבע צו קללהן. וואָס פאַר אַ קינד איך האָב אוועקגעשיקט אין דער וועלט אַרײַן, האָט זי געוויינט ווי אַ ביבער, כאָטש אין דער היים האָט זי זיי געשאָלטן מיט מויסע קללות! ווער שמועסט — דערמאָנט ער זיך. — אַז איינס איז געשטאָרבן; זי האָט זיך געוואָרפן גאַנצע טעג ווי אַ שלאַנג אויף דער ערד, געהאַקט זיך מיט די פויסטן אין קאָפּ אַרײַן.

איינמאָל האָט זי גאָר געוואָלט וואַרפן אַ שטיין אין הימל אַרײַן!

— אָט, זעסטו-טראַכט ער-גאָט מאַכט זיך אַ סאַך פון אַ נאַרישער יידענע.., זי לאָזט אָבער ניט אַרויסנעמען די מיטה מ׳טן מת! זי פּאַטשט אויס די ווײַבער, דער חברה נושאים רײַסט זי אויס די בערד!

אַ שיינע גבורה האָט געשטעקט אין דער שפּרינצען! עס האָט זיך געדאַכט אַ פּליג, און אַזאַ כּוח, אַזאַ כּוח!..

— פּאָרט, זי זאָל עס מיר מוחל זײַן, אַ גוטע געווען! זיך האָט אַפילו מיך אויך נישט פײַנט געהאַט. כאָטש זי האָט מיר קיינמאָל קיין גוט וואָרט נישט געגעבן!

געשריען האָט זי: אַ גט, אַ גט! אַז נישט, וועט זי אַזוי אַנטלויפן! נאָר ווו האָט זי געוואָלט אַ גט! ער דערמאָנט זיך עפּעס און שמייכלט...

די מײַסע איז שוין לאַנג, לאַנג.. דענסטמאָל איז נאָך געווען די קאָנסומציע, און ער איז געווען אַ נאַכט-וועכטער און אַרומגעגאַנגען גאַנצע נעכט מיטן אײַזערנעם שטעקעלע, מע זאָל נישט אַרײַן גנבענען בראָנפן!

סלוושבע האָט ער געקענט, בײַ פאָניען איז אַ גוט חדר, ער האָט גוטע תּלמידים געהאַט!.. פאַרטאָג, ווינטער איז עס געווען, עס קומט אים אָפּבײַטן דער טאָג-וועכטער, חיים-יונה — איז שוין אויפן עולם אמת — און ער גייט אַהיים געפרוירן, פאַרשטאַרט! ער קלאַפּט בײַ דער טיר, און זי שרײַט אים אַרויס פון בעט:

— גיי אין דער ערד אַרײַן! איך האָב געמיינט דײַן נאָמען וועט אַהיים קומען.

אַהאָ! זי איז בייז נאָך פון נעכטן בײַטאָג! ער קען זיך אַפילו נישט דערמאָנען, וואָס נעכטן איז אַזוינס געווען, נאָר זײַן האָט דאָך עפּעס געמוזט.

— פאַרמאַך דאָס מויל און עפן! — שרײַט ער.

— דעם קאָפּ וועל איך דיר עפענען — הערט זיך אַ קלאָרע תשובה.

— לאָז מיך אַרײַן! — שרײַט ער.

— „אין דר׳ערד אַרײַן גיי!“ — ענטפערט זי.

און ער האָט זיך מישב געווען און איז בעגאַנגען אין בית-מדרש אַרײַן. ער

— אַ פּעלצל — טראַכט ער ווײַטער — איז אײגנטלעך בעסער. אַ פּעלצל איז וואַרעם, גוט וואַרעם. נאָר אַלץ פריער ברילן. אַ פּעלצל איז נאָר גוט ווינטער, און ברילן דאַרף מען תּמיד, דען זומער, אַז עס מאַכט זיך אַ ווינט און יאָגט דעם שטויב גלײַך אין די אויגן אַרײַן, איז ערגער ווי ווינטער!

און עס בלײַבט, אַז פריער זײַנען ברילן, דערנאָך ערשט אַ פּעלצל! דער אויבערשטער זאָל נאָר העלפן, ער זאָל אָפּנעמען דעם ווייטיק... אַ פּיר גילדן וועט ער אַוודאי כאַפּן.

און ער שלאָגט ווײַטער, און דער נאַסער שניי פּאַטשט אים אין פּנים אַרײַן. דער ווינט ווערט אַלע מאָל שטאַרקער און די זײַט שטעכט אַלע מאָל מער.

— דער ווינט זאָל זיך נאָר וועלן איבערדרייען! נאָר מן־הסתּם־טראַכט ער — איז אַזוי גלײַכער, צוריקצוּוועגס וועל איך מער מיד זײַן, וועל איך אים דעמאָלט האָבן פון הינטן! אָ, דעמאָלט וועט עס גאָר אַנדערש גיין! אַלץ פּאַרוואָרגט! גרינג אויפן האַרצן!

ער האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן אַ רגע און דעם אָטעם כאַפּן. דאָס שרעקט אים אַ ביסל איבער:

— וואָס איז אַזוינס מיט מיר געשען? ווייניק פּרעסט און ווינטן האָב איך אויסגעהאַלטן אַלס קאַנטאָניסט? — פרעגט ער זיך טרויעריק און האַלב דערשראָקן.

און ער דערמאָנט זיך זײַן „סלוזשבע" אַלס ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט. פינף און צוואַנציק יאָר ריינע „סלוזשבע" אונטער דער ביקס, חוץ די קינדערשע יאָרן אַלס קאַנטאָניסט. ער איז זיך געגנוג אָנגעגאַנגען אין זײַן לעבן, געמאַרשירט איבער בערג און טאָלן, אין שניי אין פרעסט און אַלערליי זאַווערוכעס. און וועלכע שנייען! וועלכע פרעסט! די בײַמער פלעגן פּלאַצן, פייגעלעך פלעגן טויט אַראָפּפאַלן אויף דער ערד — און דער רוסישער סאָלדאַט איז געגאַנגען פּריש,־לעבעדיק, און נאָך דערצו אַ לידעלע געזונגען, אַ טרעפּאַק, אַ קאַמאַרינסקי און מיט די פּיס צוגעקלאַפּט!

דער געדאַנק, אַז ער האָט גאַנצע פינף און צוואַנציק יאָר אויסגעהאַלטן די פּאַרצײַטיקע סלוזשבע, אויסגעשטאַנען אַלע צרות, אַלע שנייען, אַלע ווינטן, אַלע שלעק, הונגער, דאָרשט און גויטן, און אַ געזונטער אַהיים געקומען — דער געדאַנק מאַכט אים גרויס! ער הייבט אויף דעם קאָפּ מיט גדלות און גייט מיט נײַעם כּוח.

— האַ, האַ, וואָס איז גאָר בײַ מיר אַזאַ פרעסטל? אין רוסלאַנד, דאַכט זיך, איז געווען עפּעס אַנדערש!

ער גייט, דער ווינט ווערט אַ ביסל שטילער, עס ווערט אַלע מאָל טונקעלער, עס פאַלט צו די נאַכט.

— אויך מיר אַ טאָג — טראַכט ער — אַ טל־ומטרל!.. און ער הייבט זיך אָן מער צו יאָגן, עס זאָל אים נישט די נאַכט באַפאַלן.

ער פילט אַ ביסל הונגער, און אַ טבֿע האָט ער, אַז ווען ער ווערט הונגעריק, ווערט ער לוסטיק! ער ווייס, אַז אַפּעטיט איז אַ גוטע זאַך; זײַנע סוחרים, וואָס שיקן אים אין שליחות, ווײַנען תּמיד נאָר אויף דעם, וואָס זיי זײַנען קיינמאָל נישט הונגעריק! ער האָט, ב"ה, אַפּעטיט! אויסער, אַז ער איז נישט בקו הבריאה, ווי למשל, בעכטן; ער איז קראַנק געווען, האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס ברויט איז זויער.

— גיי, ווו איז עס זויער געווען! זעלנעריש ברויט! און געקויפט האָט ער

# דער משולח.

ער גייט, און דער ווינט צעיאָגט די פּאָלעס און די ווײַסע באָרד.

אַלע מאָל כאַפּט ער זיך אָן מיט דער רעכטער האַנט אין דער לינקער זייט. עס גיט אים אַלע מאָל דאָרט אַ שטאָך. ער וויל זיך דאָך ניט מודה זײַן; ער וויל זיך דאַווקע אײַנריידן, אַז ער טאַפּט נאָר בײַ דער בוזעם־טאַש.

– איך זאָל נאָר דעם קאָנטראַקט מיט דעם געלט נישט פאַרלירן! – אָט פאַר דעם מכלומרשט ציטערט ער.

– און אפילו עס שטעכט, איז אויך אַ נאַרישקייט! איך האָב נאָך, געלויבט איז גאָט, גענוג כּוח אויף אַזאַ שליחות. אַנדערע אין מײַנע יאָרן וועלן שוין קיין וויאָרסט נישט אָפּגיין, נאָר איך, געלויבט איז זײַן ליבער נאָמען, דאַרף נאָך נישט צו קיין מענטשן און פאַרדין מיר אַליין מײַן ברויט... געלויבט איז גאָט, מע גע־טרויט מיר געלט!

– ווען איך האָב מײַן אייגנס – טראַכט ער ווײַטער – וואָס מע געטרויט מיר, וואָלט איך אין שליחות צו זיבעציק יאָר נישט געגאַנגען; וויל אָבער דער רבונו של עולם אַזוי, איז אַזוי גוט.

עס הייבן אָן צו פאַלן גראָבע פלאַכּעס שניי; ער ווישט זיך אַלע מאָל דאָס פּנים.

– איך האָב נאָך – טראַכט ער אינגאַנצן אַ האַלבע מײַל, אָ וואַ! אויך מיר אַ גאַנג! אַ סך נעענטער ווי ווײַטער! – ער דרייט זיך איבער – מע זעט שוין אַפילו נישט דעם סטאַנציע זייגער, נישט דעם קלויסטער, נישט די קאַזאַרמע.

„נו, שמריה, פאָר!"

און שמריה פאָרט אין דעם נאַסן שניי; די אַלטע פיס קאָפּען זיך אַרײַן און אַרויס. – „געלויבט איז גאָט, עס איז קיין גרויסער ווינט נישט!"

גרויס האָט, אַפּנים, בײַ אים געהייסן אַ שטורעמווינט! דער ווינט איז גע־ווען גענוג שטאַרק און געיאָגט גלײַך אין פּנים אַרײַן, אַז עס האָט אים אַלע מאָל אָטעם פאַרפּעלט; ער האָט אים אַרויסגענאַרט אַלע טרערן פון די אַלטע אויגן, וואָס האָבן אים געשטאָכן ווי שפּילקעס. נאָר אויף די אויגן לײַדט ער תּמיד.

פאַרן ערשטן געלט, פאַלט אים אײַן, קויפט ער זיך וועגס־ברילן – אַזוינע גרויסע, קײַלעכדיקע, זיי זאָלן די גאַנצע אויגן פאַרשטעלן.

– נאָט זאָל וועלן – טראַכט ער – וואָלט איך צו דעם אויך געקומען! עס זאָל נאָר זײַן אַלע טאָג אַ שליחות, און ווײַט, נאָר ווײַט! גיין, ב"ה, קען איך, וואָלט איך מיר שוין אָפּגעשפּאָרט אויף אַ פּאָר ברילן...

ער דאַרף אַפילו אַ שטיקל פּעלצל אויך. עס וואָלט אים לײַכטער געווען אויף דער ברוסט... ער רעכנט איבער, אַז דערווײַל האָט ער נאָך אַ וואַרעמע קאַפּאָטע!

– זי זאָל זיך נאָר נישט רײַסן, וואָלט זי גאָר וואויל געווען. ער שמייכלט מיט פאַרגעניגן. – דאָס – טראַכט ער – איז נישט קיין הײַנטיקע קאַפּאָטע, קיין קײַ און שפּײַ, קיין שפּינוועבס! נאָר פאַרצײַטישער לאַסטיק; דאָס וועט מיך איבערלעבן און אָן אַ שפּאַלט, דאָס איז אויך אַ מעלה; זי צעפּליט זיך נישט אַזוי ווי אַ הײַנ־טיקע סחורה, און פון פאָרנט פאַרלייגט זי זיך אויף אָן אייל!..

# באַוועגלעכע כרעסטאָמאַטיע,

צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאָמסקי.

---

## י. ל. פרץ.

# 1] דער משולח.

# 2] איבער פוילישע שטעטלעך.



---

ווילנע

פארלאג „נײַע יידישע פאָלקסשול״.

1935

באַוועגלעכע כרעסטאָמאַטיע,
צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאָמס קי.

י. ל. פרץ.

# 1] דער משולח.

# 2] איבער פוילישע שטעטלעך.

ווילנע
פאַרלאַג „נײַע ייִדישע פאָלקסשול".
1935